...wa uiszczono ryczałtem

**UNZER WORT**

פּרייז 10 גראשען

# אונזער ווארט

## 2 וואכען ארגאן פון „אגודת ישראל“ אין טארנא

| אבאנאמענט פּרייז: | פארן אינהאלט פון די אנאנסען איז די רעדאקציע נישט פעראנטווארטליך. | אנאנסען פּרייז: |
| --- | --- | --- |
| א חודש . . . . . . . . 20 גר. | רעדאקציע און אדמיניסטראציע: בערנארדינסקא 19 | א זייט . . . . . . . . 80 זל. |
| א קווארטאל . . . . . 60 גר. | אמט שעהן: יעדען טאג פון זייגער 3 ביז 4 נאכמ. | 1/2 זייט . . . . . . . . 40 זל. |
| א האלב יאהר . . . . 1.10 זל. | מאנוסקריפּטען ווערען נישט צוריקגעשיקט. | 1/4 זייט . . . . . . . . 20 זל. |
| א יאהר . . . . . . . . 2.20 זל. | | 1/8 זייט . . . . . . . . 10 זל. |

יאהרגאנג I. ב״ה פרייטאג פ׳ אמור תרצ״ד (סוטה ט״ז) Tarnów, 4 maja 1934 נר. 7

הרב מ. האראוויץ

# טפשות אדער קאפּראַזיקייט?

(סוף)

יא, ס׳איז נישט אנדערש, נאר, אז די הערן ציונים און מזרחיים אין אונזער שטאט האבען נעבעך פערלוירען דעם קאָפּ און זיי ווילען האקען א טשייניק. מיר ווייסען וואס אייך קוועטשט און וואס ס׳טוט אייך וויי... די סובווענציעס — — — נעביך!!! אבער דערציילטזשע דעם גאנצען אמת!

דאס קהל פון ה׳ אבערדאם איז געווען גענוג טאלעראנט און העפליך און בעשטימט סובוועציעס פאר אלע ציוניסטישע און מזרחיסטישע אינסטיטוציעס, ווייל צופיל פאמיליאר און נאהנט שטייט אונזער ראש הקהל צו יענע לייט, אז ער זאל זיי, חלילה, אבזאגען און אריבערגיין מיט שטילשווייגען אויף זייערע בקשות... נאר וואס דען? ס׳איז געשעהען א מכשול, אז דער קהלה בודזשעט איז צוריקגעקומען פון דער יואיעוואודטסווא און עס זענען אין אים געווען געשטראכען די ציוניסטישע פאזיציעס, ווי אויך עטליכע פאזיציעס פון דער אגודה, אבער אזוי ווי דאס האבען געטון די מאכטהאבער פון דער ממשלה, וואס אקייגען זיי קען מען נישט שרייען, האט מען זיך גענומען מאכען אן אליארם אקייגען די פילאנטראפישע אינסטיטוציעס!

אהא, ס׳איז שוין רעכט... ס׳שמעקט דאך מיט וואהלען, דארף מען ווייזען אז מ׳לעבט.

איבערדעם מאכט מען אן א שטורם אין א גלעזעל וואסער און מ׳טוט מכלומרשט בעקעמפען דאס קהל וואס באשטייט פון מאשקעס און אגודה׳ניקעס...

צי ווייסט איר דען נישט, אז שוין חדשים לאנג בעקעמפט די אגודה דאס היינטיגע קהל? די אגודה איז דאך די איינציגע פארטיי אין טארנע, וועלכע קעמפט אפען און ערליך אקייגען דעם איצט׳גען „קהל“ וואס איז נישט ראוי אנגערופען צו ווערען מיט דעם דאזיגען נאמען. און דוקא איר ציוניסטען און מזרחיסטען שטיצט און לעקט דירעקט און אומדירעקט דאס קהל פון ה׳ אבערדאם!

צי שמייכעלט נישט אייער „טיגאדניק“ כסדר דעם ה׳ אבערדאם? צי האט נישט אייער ארגאן דער „נאווי דזיענניק“ מודיע געווען, אז מיטן כח פון דער ממשלה וויל די אגודה אראבווארפען דאס היינטיגע קהל? און מיט וואס פאר א שמחה האט זיך דערזעלבער „נ. דז.“ געריבען די הענד, אז דאס איז נישט געראטען! וועמען מיינט איר דאס צו פערדרייען דעם קאפּ? צי גלויבט איר טאקע, אז דער סתם יוד פון דער גאס איז אזוי פערנארט, אז ער וועט זיך גאר נישט אריענטירען אין וואס אייך גייט? ניין, אזוי שלעכט האלט עס נאך נישט!

די טארנער יודישע מאסען זענען שוין גענוג בעוואוסטזיניג און זיי ווייסען אייער פאלשע שפּיל, אז פון איין זייט שטיצט איר אונטער מיט אלע מעגליכקייטען דאס איצטיגע קהל און פון דער צווייטער זייט פראקלאמירט איר באיקאָטען... מכלומרשט אקייגען קהל...

יא, שוין גאנץ שמאל מוז עס האלטען מיט אייער קרעמעל, אויב איר לאזט זיך אויף אזאלכע גליטשיגע און נארישע וועגען. אין איין וואך אונטערצוטראגען אן אפענע מסירה אקייגען אלע רעליגיעזע חדרים, אז ס׳הערשט דארטען „brud i nieład“, און אין דער צווייטער וואך צו פראקלאמירען א בויקאָט קייגען אלע... ארימע לייט! און דערמיט גלויבט איהר זיך צו שאפן וואהל-שטימונג!!!

אבער דאס יודישע טארנע איז שוין גענוג באוואוסטזיניג און ווייסט וואס ס׳איז דא צו טון.

און אין דעם טאג ווען דאס ווארט וועט האבען זיין מאיעסטעט דער „וועהלער“, וועט ער אייך ארויסווייזען, אז ער האט גוט פערשטאנען אייערע אומגעלומפערטע שטיקלעך און ער וועט אייך איבערצייגען, אז ער איז נישט דער אידיאט ווי איהר האט איהם געהאלטען, נאר א מענש א בר דעת מיט וועלכען מ׳דארף זיך רעכנען.

—:o:—

בנימין וויסמאן

# דער כח פון „אחדות“

(ל״ג בעומר געדאנקען)

מיר לעבען אויף דער עולם העשי׳ אויף דער וועלט פון פּראקטישקייט, אין דער צייט ווען די גאנצע מענשהייט איז באהערשט פון דער לאזונג „איינער פאר אלע און דער כלל פאר׳ן יחיד“, ווען אלץ ארום איז ארגאניזירט און יעדער קלאס מענשען טוט זיך באשטרעבען צו לעזען און צו פארענטפערן די פערוויקעלטע פראבלעמען פונם לעבען לויט זייגע אייגענע קוק-פונקטען און אנשויאונגען, יעדער אויף זיין שטייגער, כדי צו דערפיהרען די מענשהייט צו דעם פון אלעמען געגארטען „באחרית הימים“. פון צייט צו צייט ווערען געבוירען נייע אידעען און נייע לעהרען, נייע פּראגראמען און נייע גאולה לאזונגען, וועלכע פערקלינגען די וועלט מיט בשורות טובות, ישועות ונחמות, מיט צוזאגעכצער פון עולם

הזה׳דיגער פרייד און הימלישען גליק צו יעדען וואס וועט מקבל זיין אט די דאזיקע נייע תורות; פון טאג צו טאג שפראצען ארויס פרישע אפאסטאלען און נייע לעהרער, פרישע גואלים און נייע משיחים, וועלכע קומען צום פאלק מיט אויסטערלישע טעאריעס, מיט גאולה בשורות און מיט פארשפרעכונגען צו באפרייען די מאסען פון צרות און פון ליידען.

ס׳טוט זיך אויף דער וועלט. יעדען טאג פערזאמלונגען און מיטינגען, איטלעכן חודש פארטיי-ראטן און קאנפערענצען און יעדעס יאהר קאנגרעסען און וועלט-צוזאמענפאהרען. צי זענען טאקע אט די אלע אידעען נייע? צי זענען די אלע טעאריעס פרישע און אריגינעלע? — אבער ניין! מ׳האט גענומען די שענסטע פערל און דערהויבענע געדאנקען פון אונזער אלטער און אייביג נייער ליטעראטור, מ׳האט אנגעדראשען אביסעל בטל ומבוטל׳דיגע פראזען פון דער מאדערנער צייט און זיי צוגעמישט און צוגעשטיקעוועט צו יענע הויכע אמתן און ס׳זענען אזוי ארום נולד געווארען נייע אידעען...

מ׳האט שולח יד געווען און געלקח׳נט פון דער יודישער תורה און פון אונזער הייליקע נביאים, מהאט עס איבערגעפארמט און פערקריפעלט און ס׳זענען ארויסגעקומען פרישע תורות...

פון וואנען נעמט זיך די אידעע פון פרייהייט און גלייכהייט פאר אלע מענשען? ווער האט פארויסגעזאגט און באשאפן דעם דאזיקן שיינעם געדאנק? — זענען דאך זיינע שעפער געווען אונזערע הייליקע נביאים און אין זייער שויס איז ער זארגפעלטיג געפלעגט געווארען.

און ווער זענען דען געווען די פעטער פון אלע אנדערע הויכע אידעאלען וואס די וועלט באגייסטערט זיך אזוי פון זיי? — אלץ די אייגענע און די זעלבע, נאר די נאבלאון קאנקורס - פרייזען באקומען אנדערע און פרעמדע, וואס האבען נישט קיין שום שיכות דערצו און האבען עס גאר נישט פארדינט.

לאמיר, למשל, נעמען דאס בעקאנטע מעשה׳לע וועגען דעם כח פון „אחדות״ וואס די אומות העולם דערציילען צו זייערע קינדער אין אלע שפראכען: ס׳איז געווען א מאן וואס האט געהאט 7 זוהן, האבען זיי זיך תמיד ארומגעקריגט און קיינמאל נישט געלעבט צווישען זיך בשלום. פארן שטארבען האט דער פאטער געזאגט צו זיינע זוהן, אז זיי זאלען איהם ברענגען א בינטעל שטעקלעך און געהייסען דער עלצטער זאל דאס צוברעכן האט ער אנגעשטרענגט אלע כחות, אבער דאס בינטעל איז געבליבען נישט געריהרט. דאסזעלבע האט געפרובט יעדער איינער פון די קינדער, אבער דאס בינטעל איז געבליבען גאנץ. דערנאך האט דער שוואכער פאטער אויפגעבונדען דאס בינטעל און געגעבען צו איינציגע שטעקעלעך זיין יונגסטען זוהן צו צוברעכען יעדעס באזונדער, האט דער קליינער צובראכען אלע אין איין מינוט.

און דער אלטער האט געזאגט: זעהט איהר קינדער! אויב איהר וועט זיין צוזאמען און לעבען בשלום, וועט אייך קיינער נישט קענען קיין שום שלעכטס טון, אזוי ווי איהר האט נישט געקענט צוברעכען דאס בינטעל. טאמער וועט איהר אבער זיין צוקריגט, דאן זענט איהר אויסגעזעצט צו יעדער געפאהר און דאס קלענסטע באשעפעניש׳ל וועט אייך קענען שעדיגען.

פון וואנען האבען די גויים גענומען די דאזיקע שיינע דערציילונג? — ס׳איז א מדרש תנחומא אין פרשת אתם נצבים.

„בנוהג שבעולם, אם נוטל אדם אגודה של קנים, שמא יכול לשברם בבת אחת? ואלו נוטל אחת אחת, אפילו תינוק משברן. וכן אתה מוצא שאין ישראל נגאלין עד שיהיו כלן אגודה אחת״.

און אזוי האבען מיר געלערנט: „מפני מה מתו תלמידי רבי עקיבא?״ פאר וואס איז דאס רעליגיעזע יודענטום אזוי שפל׳דיג און צובראכען? — „שלא היו נוחים זה לזה״ ווייל אונזערע פרומע יודען לעבען נישט אין איינטראכט און ס׳הערשט צווישען זיי א פרוד הלבבות.

* * *

פרומע יודען, חסידים פון יעדען שטובעל, אשכנזים און סתם יודען פון די שוהלען און בתי מדרשות, וועלכע האבען איין און די זעלבע תורה, איין און דיזעלבע טראדיציע! פארוואס זאלט איהר זיך נישט ארומקוקען און בעטראכטען דעם שפל׳דיגען מצב פון יודישקייט אין דער היינטיקער צייט? פאר וואס?

איהר זעהט דאך, אז ס׳ווערט ערגער פון טאג צו טאג און וואס וועט זיין מיט אייערע קינדער?

אייערע עלטערן האבען זיך מוסר נפש געווען פאר יודישקייט, זיך געלאזט פארברענען אויפן שייטער - הויפען, און איהר וואס טוט? ס׳איז נישטא קיין אנדערע עצה, נאר צונופצונעמען אלע שטעקעלעך און זיי צו פערבונדען.

נישט „איש״ — א „יחיד״ איז בכח זיך אקייגענצושטעלען די ארגאניזירטע חילות פונם פריי - גייסט, נאר — „איש איש על עבודתו״ אלע צוזאמען זענען מיר פעהיג צו לייסטען א ווידערשטאנד.

אזוי זאגט דער מדרש: „אימתי? בזמן שתהיו כלכם אגודה אחת, שנאמר (דברים ד׳) חיים כלכם היום״ און „כשהן אגודים — מקבלים פני שכינה״.

„איש איש על עבודתו״ מיר לעבען היינט אין א צייט פון ארגאניזאציעס, ווען אלץ ארום איז ארגאניזירט און מאביליזירט אקייגן אונז — זאלען אלע פרומע יודען זיך דערלאנגען די הענד און אקייגן גיין זייער געמיינזאמען שונא מיט פאראייניגטע כחות און דער זיג איז אויף אונזער זייט.

מיר האלטען שוין נאהנט פאר די קומענ׳דיגע קהל-וואהלען, זאלען אלע רעליגיעזע יודען געדענקען: איינצעלנע שטעקעלעך קענען גאר נישט אויסהאלטען און נאר ווען מ׳איז צוזאמענגעבונדען האט מען נישט קיין מורא פאר קיינעם.

אין „אחדות״ ליגט אונזער כח! אלע צוזאמען צו דער ארבייט!

# „תלמוד תורה כללי״

זייט טויזענדער יאהרען זענען אט די פרימיטיווע ווערטער ביי די יודישע פאלקסמאסען א אויסדרוק פון יראת הכבוד, פון דרך ארץ, אין פשוטע ווערטער דער קדשי קדשים פונם יודישען פערמעג אין לאנגען גלות. און בעת אלע קניני האומה זענען חרוב ונחרב, ווען פון אלעם איז א תל עולם, דער יודישער מצב בכלל איז איין גרויסער ים פון צרות און נויט, פיל גזרות און רדיפות מבית ומחוץ, זענען די הייליגע ווערטער „תלמוד תורה״ באלזאם טראפען אויפן יודישען צובראכענעם גוף, זונען - שטראהלען אין דעם פינסטערן גלות וועג. פשוט דער לייכט-טורם אינם חושכדיגען, ברויזענדיגען גלות ים. אזוי איז עס געוועזען מקדמא דנא און אזוי איז עס אויך היינט בכל תפוצות ישראל.

א יעדער יוד, אנהויבענדיג פונם עקסט רעכטען ביזן עקסט לינקען, ווען אפילו זיין פאליטישע אריענטאציע פערפיהרט אים צום קולמינאציאנס-פונקט פון פארטיי שאוויניזם פיהלט אבער מאגנעטיש, צוקומענדיג צו אט דעם תלמוד תורה פראבלעם, יענע גרויסע ווארנונג פון „סחור סחור לכרמא לא תקרב״ אינסטינקטיוו הערט זיך די שטימע „סורו סורו אל תגעו!״

אמת, מיר געפינען זיך היינט צו טאג אין א צייט פון שטורם, פון בחנם׳דיגע צאנקערייען, דא און דארט מחלוקת, שנאם חנם בכל תקפו. אבער זעלטען, זייער זעלטען טרעפט זיך א פאל אין א שטאט אדער שטעטל פון מעילה בהקדש, ווי ס׳זאל אויפגעשטעלט ווערען פאליטישע באריקאדען אין א בית תלמוד תורה.

א אויסנאהם אבער זעהען מיר דא אין טארנע.

א צייט פון באלד 2 צענדליגע יאהרען גלייך נאך די שווערע מלחמה יאהרען האט זיך דא אויף דעם פרט ממש א וואונדער בעוויזען.

אויף דער איניציאטיוו פון אייניגע ערנסטע איבערגעבענע יודען איז א דאנק זייער מסירת נפש׳דיגע ארבייט אט אין דער צייט פון אונמעגליכקייטען פלוצים אויסגעוואקסען אויף דער קאלאנטאיא און שיעננא גאס א בנין מפואר, וועלכעס האט בעצויבערט אלע. די גאנצע יודישע באפעלקערונג האט דאמאלס

געיובעלט פאר שמחה פון דער אונערווארטעטע ערשיינונג. גרויסע האפנונגען זענען געלייגט געווארען אויף דער חנוך אינסטיטוציע. א טייל האבען פארויסגעזאגט אויף דעם בנין צו זיין א מרכז פון תורה און יראה נישט בלויז אין טארנא נור אויך פאר דער גאנצער טארנער פראווינץ.

אבער במשך פון דער צייט שטייט דאס בנין אזוי ווי ס'איז געשטאנען, דער מצב הרוחני נישט געענדערט און אונענטוויקעלט. וואס איז די סבה פון דעם מצב? דארויף דארף דא איינמאל פאר אלע מאל אפען געזאגט ווערן: נישט באמערקטערהייט האבען זיך אונטער דעם בנין אריינגעכאפט 2 מויל-ווירף, באקאנטע אוואנטוריסטען, וועלכע האבען קיין מינדיסטן אהנונג פון ערנסטע כלל און חנוך ארבייט, נישט צאהלענדיג אפילו קיין מאנאטס-בייטראג, רעקלאמירענדיג זיך פאר זוכער און היטער פון יראת שמים ארויסגעשטויסען יענע איבערגעגעבענע בויער פון דער ת"ת.

ס'פרעגט זיך וואס ווייטער? ווי לאנג נאך וועלן מיר טארנער יודען צוקוקען גלייכגילטיג צו דעם פערברעך וואס געשעהט אונגעפעהר 400 (כ"י) יודישע קינדער, מעהרסטענטייל בלוט ארימע? ווי לאנג נאך וועלן מיר דערלאזען ווי 2 משוגעים מיט דער מיטהילף פונם באקאנטען „תלמיד חכם" אהרן מוירער שפילען אויף די נערוועז פון 400 הילפלאזע יודישע טאטעס, וועלכע קענען זיך ליידער נישט אנדערש העלפען? דער ענטפער דארף קומען פון אייך טארנער יודען. די שרייענדע עוולה דארף פון אייך מיטגלידער פון ת"ת אויסגעבעסערט ווערן.

אויף איינע פון די לעצטע זיצונגען פון דער ת"ת איז סוף כל סוף באשלאסען געווארען א וואהל צו דער ת"ת אויף י"א תמוז ה. י.

ס'ליגט אויף אייך א חוב קדוש זיך צו אינטערעסירען מיט דער וואהל, בכדי ס'זאל נישט ווייטער פארבלייבן אונטער דעם „פראטעקטאריאט" פון אונפעראנטווארטלעכע אומגעבעטענע אפוטרופסים איבער די תינוקות של בית רבן.

יהודא.

---

מעמקא דליבאי אני מברך לגיסי היקר לרגלי ארושי בתו היקרה **דבורה שמוקלער** תחי' עם הב' המופלג **אהרן מרדכי לויב** נ"י בברכת מז"ט חמה ונלבבה.

גיסו דוב מעסיננער, קראקא.

---

ברגשי גיל אני מושיט לידידי היקר **אהרן מרדכי לויב** נ"י לאירושיו את העלמה ש"ב **דבורה שמוקלער** תחי' את ברכתי, ברכת מז"ט.

על מפתן החיים החדשים עלה והצלח!

ידידך אברהם מעהר.

---

קבל נא ידידי גם ממני את ברכתי החמה והנלבבה השלוחה לך ממני ידידך

שמחה הערצפעלד.

---

גם אני מתכוון כנגד המברכים אותך בברכת מז"ט

ידידך מענדל טאפפעל.

---

מז"ט לך אח חביב מר פרץ נ"י לאירושי בתך העדינה מרת **סימא** תחי' עב"ג החתן יניק וחכים מר **נחמי' יחיאל** נ"י.

יהא רעוא מן שמיא שתזכו לשבוע מהם רב עונג ונחת ותראה מהם דור ישרים יבורך. כחפצך וכחפץ אחיך מוקירך

ישראל.

---

# רעזער שטימען

פון אונזערע לעזער קרייזען מאכט מען אונז אויפמערקזאם אויף דעם אונערהערטען חלול השם, צו וועלכען עס קוקען זיך צו יעדען טאג דורכגעהער ווי אזוי מ'קויפט פוטער און קעז עפענטליך ביי קריסטען פרויען פון רעליגיעזע יודישע הייזער, ווי דער מאן האט נישט קיין אהנונג וואס קומט פאר ביי זיך אין שטוב און ווערט נישט ווילענדיג נכשל אין מאכלות אסורות.

אויך טרעפט זיך אפט ווי געוויסע פערזאנען קויפען ביי קריסטען אויפן ווייטערען פערקויף פאר כשר. ס'גואלטען זיך דעריבער באדארפען פארטראכטען די היגע עסקנים און סתם חסידישע יודען איבער דעם ענין.

אויך דאס היגע ביד"צ דארף זיך מיט דעם פעראינטערעסירען און השגחה געבען אויף די אלע ערטער.

אויב מיר וועלען נישט קריגען קיין פאזיטיווע תשובה פונם ביד"צ, וועלען מיר פערעפענטליכען אויף אייגענער אחריות די נעמען פון אט די פרויען און זיי צו סטעמפלען פאר דער עפענטלעכקייט.

---

# ארום די קהלה וואהלען

אין אונזער קהלה ווערט שוין זייט א צייט געארבעט צום צוגרייטען די וואהלען מיט א שנעלען טעמפא, קענטיג אזביידע „פרעזעסען" דער פון דער קהלה און דער פון דער וואהל - קאמיסיע איילען זיך גאר שטארק אויס פחד ס'זאל חלילה נישט געשעהן קיין מכשול, זיי זאלען נישט דארפען זיך טיילען מיטן גורל פון די פריהערדיגע פרעזעסען. און אזוי ווי עס איז בעקאנט, אז איינער איילט זיך מאכט ער פערשידענע פעהלערען, אזוי האט אויך דער ה' פרעזעס פון דער וואהל - קאמיסיע געמאכט און געמאכט בלויז פעהלערן, טראץ דעם וואס ער האט א גוטען ווילען יעדען צו געבען א גלעט און מיט א געלעכטערל, כדרכו. ווי מען שמועסט האט ער געוואלט אויך צופרידענשטעלען די ציוניסטען, זיי נישט צו באעולה'ן. טראץ דעם אלעם האט ער נישט געקענט צופרידענשטעלען אלע זיינע חברים. די ארבייט איז נישט פאר זיין מח. פרעגען איהם טאקע די חברים פונם „טיגאדניק זש." הא, וואס? פארוואס האסט דו נישט מקיים געווען דיין הבטחה בשלמות? גיט ער זיך באלד אן עצה און זאגט: וואס? איך בין שולדיג? שולדיג זענען די אגודה'ניקעס. נעמט דאס תיכף דער „טיגאדניק" פאר א מציאה און פרייט זיך זעהר דערמיט, ווייל ער וועט שוין האבען מטעמים פאר זיינע לעזער, פונקט ווי אדאלף נאוואטשינסקי אדער ראמאן דימאווסקי. ווען זיי וואלטען נישט גענומען דעם יוד אין מויל אריין, וואלטען זיי נישט געהאט וואס צו שרייבען, אזוי וואלטען אויך די „טיגאדניק"-חבריא נישט געהאט וואס צו שרייבען, ווען זיי האבען נישט אנצופאלען אויף דער אגודה. מילא, דאס קענען מיר זיי פערגינען.

נאר דאס פרעגען מיר: שוטים, ווי שעהמט איהר זיך נישט צו שרייבען אזאלכע ליגענס עס ווייסט דאך איטליכער, אז מיר טראגען נישט זייט חדשים קיין שום אחריות פאר דעם היינטיגען קהל און אויך נישט פאר דער וואהל-קאמיסיע. עס פערשטעהט זיך, אז מיר זענען נישט פעראנטווארטליך פאר דער גאנצער ארבייט. מיר זענען דאך היינט אין דער מינאריטעט. אויך האבען מיר נישט אנטייל גענומען אין אלע זיצונגען, נאר בלויז ביי דער רעקלאמאציע-קאמיסיע, ווי מיר זענען 2 געגען 5. דער אנטראג פון אונזער חשוב'ן פערטרעטער ה' געווירץ, וועלכער האט געלויטעט אז די אלע וועלכע מען וויל דורך רעקלאמאציע איינטראגען פריש אין דער ליסטע, זאלען זיך לעגיטימירען, אבער נישט אז די וואס פיגורירען שוין פון פריהער אין דער ליסטע זאלען זיך דארפען לעגיטימירען. דאס איז דאך לאגיש און פערשטענדליך. די מעהרהייט האט דאס אבער אבגעווארפען. ווער ס'האט די ידיעה אזוי פארדרייט און פארקרומט בלייבט א סוד פונם „טיגאדניק" מיט זיינע טענדענציעזע אינפארמאציעס. יעדענפאלס איז עס כאראקטעריסטיש.

# שטורמישע זיצונג פון דער ת׳ת

זונטאג פ׳ אמור ה. י. איז פארגעקומען א זיצונג אינם גרויסען זיצונגס-זאל פון דער ת״ת. צו דער זיצונג האט זיך געשטעלט פאסט די גאנצע פערוואלטונג אין קאמפלעט — א פאל, וואס איז נישט פארגעקומען במשך דעם גאנצען קאדענץ, מחמת מ׳פלעגט פון דער קאנצעליי נישט לאדנען אלע גבאים, נאר די יחידי סגולה... — צו דער באשטימטער שעה איז ערשינען דער ה׳ פרעזעס, א ודאי צו עמפאנגען די גבאים, וועלכע ער האט צוליב יענעם טעם געזעהען אפשר דאס ערשטע מאל.

ס׳באמערקט זיך באלד, אז די זיצונג וועט טראגען א שטורמישען כאראקטער. פונק-טליך א זייגער 5 ווערט די זיצונג ערעפענט דורך דעם פרעזעס און שויז באלד ביים דורכ-ליינען דעם פאריגען פראטאקאל דורך דעם ה׳ עסקן ר׳ דוד׳ל גאלדמאן, וועלכער ליינט עפ״י טעות דעם זאץ בחירות חדשות גאר בחירות חפשיות. כאפט דאס שנעל אויף דער ה׳ איראס, וועלכער זאגט, אז דער פראטאקאל איז דורך דעם פראטאקולאנט געפעלשט. דער לעצטער קלערט אויף, אז ס׳איז פון ר׳ דוד׳ל געלעזען עפ״י טעות און דער אינצידענט איז ערלעדיגט.

מ׳טרעט צו צום סדר היום, וועלכער ענטהאלט 2 פונקטען: 1) סדר הלימוד און 2) בחירות חדשות.

די פראגע פון סדר הלימוד קומט צו א אויסגלייך דורכן אריינגעטראגענעם אנטראג פונם מנהל, וועלכער ווערט איינשטימיג אנ-גענומען.

צו דעם פונקט פון וואהלען ערגרייפט דאס ווארט ה׳ געווירץ, וועלכער ווייזט אויף די פאלשקייט צו וועהלען א וואהל-קאמיסיע פון 2-3 וואהלמאכערס, כנהוג. ער פערלאנגט צו וועהלען א ריכטיגע קאמיסיע, אויך די וואהלען צו פערשיבען אויף 6 וואכען. מא-טיווירענדיג ווייל ס׳קומען יעצט פאר די קהלה וואהלען. ה׳ מעהר אונטערשטיצט דעם אנטראג און פראפאנירט אויך צו אפשירען פון דער קאנצעליי א אויפפאדערונג צו די מיטגלידער, וועלכע זענען שולדיג פאר מס חדשי זאלען בעצאהלען, בכדי נישט צו פער-לירען זייער וואהל-רעכט. אויך ביי דער גע-לעגענהייט אפעלירען ס׳זאלען זיך איינשרייבן פרישע מיטגלידער, וועלכע זענען ביז יעצט נישט געוועזן קיין מיטגלידער. דערמיט האבען זיך אבער געטראפען זעהר אונבעקוועם די 2 בעקאנטע „עהרליכע לייט״.

דער ליזענסקער „ירא שמים״ שרייט געוואלד! מיר מיינען „נאר קדושה און יראת שמים״... מען קען נישט צולאזען, אז די שטאט זאל אליין אנפיהרען די תלמוד תורה אהן אונז... ס׳ענטפערט איהם אב ר׳ מרדכי קעלנער זייער טרעפליך, אויפווייזענדיג זיין צבועות און שקרנות, דעקט אויף זיין אמת׳ן פרצוף... ס׳רופט זיך אן זיין שותף דער „זעהר בעליבטער״ ה׳ א. מיט זיין איי-גענארטיגען חוצפה׳דיגען כאראקטער, וועלכער בעקומט זיין פערדינטען פסק פון ה׳ עסקן ר׳ שלמה מעהר. דערמיט ווערט די זיצונג געשלאסען.

# קראניק

## אזכרה ביי דער חברה „מחזיקי למוד״

אין צוזאמענהאנג מיט דער 3-טער יאהר-צייט ט״ו אייר פונם געוועזענעם גבאי און עסקן ר׳ וואלף ראזענבלוט נ״ע, איז זונטאג י״ד אייר א זייגער 8 אווענט פארגעקומען אין דער חברה „מחזיקי לימוד״ א גרויסע אזכרה לכבוד דעם נפטר, ביי דער אנוועזענהייט פון אלע חברים, וועלכע לערנען משניות לעילוי נשמתו.

דערנאך מאכט דער חזן ר׳ י. א. בלומ-נער אן „אל מלא רחמים״. דאן רעדען ארום דער פרעזעס ר׳ יוסף שווייט נ״י און הח׳ יו״ר אלטער גליק נ״י די פערדינסטען פונם נפטר פארן אויפבוי פון דער חברה „מחזיקי לימוד״.

אלע אנוועזדע בעהערען דעם נפטר מיט אויפשטיין. צום סוף זינגט הב׳ סנדר כ״ץ „אב הרחמים״. מיט דעם ווערט די אזכרה גע-שלאסען.

---

די קאנסטיטואירענדע זיצונג פונם ניי-געוועהלטען מאגיסטראט, וואס האט געזאלט פארקומען פרייטאג-צונאכטס דעם 4 ד. ח. איז צוליב דער אינטערווענץ פון ראטמאן ר׳ אהרן ראזענצווייג נ״י מ׳זאל די זיצונג אבלעגען אויף א טערמין, אין וועלכען אלע יודישע ראטמענער זאלען זיך קאנען בעטייליגען, אב-געלעגט געווארען ביז זונטאג דעם 6 ד. ח.

---

ווי מען אינפארמירט אונז פערלאזט דער היגער ביזאיצטיקער סטאראסטא ה׳ דר׳ דעל-פינגער זיין אמט און ווערט איבערגעטראגען קיין זייבוש. אויך דער לאנגיעהריגער וויצע סטאראסטא ה׳ סאקאלאווסקי פערלאזט זיין היגען אמט.

---



---

ב״ה

# מודעה

„צעירי אגודת ישראל״ אין טארנא איז מודיע, אז אי״ה זונטאג פרשת ב״ב ל״ד למב״י א זייגער 5·30 נאכמיטאג קומט פאר אינם אייגענעם לאקאל, בערנארדינסקא 19 די

**יעהרליכע גענעראל פארזאמלונג**

מיטן פאלגענדען סדר היום:

א) פתיחה

ב) מצב תנועתנו בהסתדרותנו (הרצאה)

ג) המצב הרוחני (הרצאה)

ד) התחייבות הצעירים (הרצאה)

ה) דו״ח מהועד המתפטר

ו) ויכוחים והצעות

ז) הבעת אמון לועד המתפטר

ח) בחירת ועד חדש. סיום.

באמערקונג:

וואהל-רעכט האבען די חברים וואס בע-זיצען תרומת חברים פונם יאהר תרצ״ד

**הועד**



Redakcja i Administracja „Unzer Wort“ Tarnów, ul. Bernardyńska 19.

Wydawca Organizacja „Agudas Isroel“ w Tarnowie. Redaktor odpowiedzialny Abraham Kohane.

Drukiem Izaka Engelberga w Tarnowie ul. Lwowska 10.